# זינג, זינג!

ס'האָט די מי
מיך אויסגעלערנט אויפשטיין פרי
און מיט דערפרישקייט פון טאָג
זיך דערפרישן,
איינאָטעמען די שיין פון זון
וואָס לייגט זיך רוען אויף מיין קישן.

איך גיי
ווי אַ קאָסע אין היי
דעם טאָג אנטקעגן.
די לופט — ווייך און ליכטיק,
דער וועג אָנגעשטריינגט צעגליט
פון יונגע, שטאַרקע טריט;
און דאָס האמערן
און דאָס זעגן
אויף אַלע וועגן
הויבט אָן די מי גרינג,
און די רעדער אויף די רעלסן ריידן:
זינג, זינג!

# פאַרפרי

קלינגט פאַרפרי דער ווינט אין די שויבן,
האָבן הויך זיך אויפגעהויבן טויבן —
צו דער זון.

דער ווינט האָט א ווישגעטאָן אָן ישטויב,
איבער די בוימער געגעבן זיך א הויב —
צו דער זון.

דער ווינט האָט היים געטאָן א ברום,
מיר אין אויער אזאָגעטאָן: קום —
צו דער זון.

איך האָב מיט טאָג זיך אָנגענומען,
ווי אין א ליכטיקן טייך געשוואומען —
צו דער זון.

גרינג האָט אפּן וועג מיך פאַרנומען די מי,
סהאָט אין מיין תוך געגעבן א בלי —
דער כוח פון זון.

# דער חלום

דער חלום פון רואיקע טעג
איז צו דער ארבעט אוועק, —
שלאָפט אין קינדס וויגל מיר
דאָס שטיל און איינזאַם ליד.

באַ הייסע, אייזערנע שטאַנגען
גייט אום אין פּראָסטע שיך די ליבע,
וואָס איז אויף טעפּיכער געגאַנגען.

און די זון צעוואָרפט איר ווייץ
אויף גאַס און געסעלעך,
און פון הימל טרייבט דער ווינט
היינט אַראָפּ די גרויע העזעלעך.

דער חלום פון רואיקע טעג
איז צו דער ארבעט אוועק — —

# רויער רויך

פון קוימענס רויער רויך בליט אויף
אין ראָזן שיין פון באַגינען.

אַף וועגן און גאַסן
לייגט דער טאָג זיך א ווייסער;
און פון מזרח די זון
צעהייצט די לופט,
קאָכט אויף די רו
מיטן ריח פון רייפע פעלדער.

מילך און ברויט,
העמד און קלייד —
זינגט די שעה פון באַגינען,
וועקט דעם מענטש און זיין זינען,
קלינגט אָן אים אין הארץ
מיט רויש פון מאַשינען.

פון קוימענס דער רויער רויך
ציט איבערן שטאָט א בריק,
און דער טאָג האַלט אים אָן
אויף זיינע גאָלדענע שטריק — —

# נייער טאָג

צום אויג און צום האַרץ
פירט די זון דעם טאָג אַרויס
און פירט אים צו
צו אונזער הויז.

ווי מאָטאָרן רודערן אויף די שעהן
און פליצן ליכט איבער דעכער,
צינדן די שויבן,
צעפלאַקערן די גאַסן
אין העלן פייער —
פייער, פייער !
אויג אין פייער,
האַרץ אין פייער,
קאָפּ אין פייער,
הענט און פיס שטויסן זיך
אין ליכטיקן פייער —
טראָט נאָך טראָט
איבער גאַס און שטאָט —
גאַנג צו אַרבעט —
מאָטאָרן גאַנג
פון אויפגערודערטער וועלט !

פאַרן אויג און פאַרן האַרץ
דער פלאַטער פון אַ יונגן פויגל
דורכן פייער־נעץ פון דער זון
ער טוט פריילעך זיך אַ יאָג
איבערן רויך פון פאַבריק,
איבערן רויש פון אַרבעט —
טראָגט געזאַנג פאַרן נייעם טאָג.

# גאַסן בליען

גאַסן בליען מיט פרילינגדיקע פאַרבן.
זומערדיק קרייזט דער טאָג זיך
ליכטיק מיטן פּנים צו דער שטאָט.
די זון שטרעקט ווארימע הענט און מאָלט
גרויע ווענט מיט גאָלד.

אין נידעריקן הויז,
אין הויכע, טונקעלע ווענט איינגעשלאָסן
זיינען הארבסטיק דאָ די פאַרבן —
דער טאָג קומט שפּעט איבער דעכער געבראָכן,
איבער ענגע ווענט און גראַטן געבויגן;
גרוי לייגט ער זיך מיד ביים שוועל אנידער
ווי אַ זקן מיטן געדאַנק פון שטאַרבן.

נאָר פון נידעריקן הויז
שפּרינגען קינדערלעך אַרויס,
ווייס, רויט און גרין,
ווי שמעטערלינגען,
ווי בין צו בין —
זייער האָפערדיק קול —
קלינגענדיקער שטאָל,
זינגט אויף
פון פאָל צו פאָל.

# יום־טוב

אין רו פאַרוויַיל איך דעם טאָג.
פרילינג ווייט פון יעדן ראָג,
ליכטיק אין הויז אַריינגעשפּאַנט:

מיט מיַין קינד —
האַנט־אין־האַנט
שפּאַציר איך איבערן גאַס
אין יום־טובדיקן רעש
פון ערשטן מאַי.

איך בין פון אַרבעט היינט פריי,
אויפגערוימט איז מיַין געמיט,
עס זינגט אין האַרץ אַ ליד,
אַזאַ ליבשאַפט
— וואָס איז געטריי —
דעם ליכטיקן נאָמען פון מאַי !

# צו אַ חבר

חבר,
מיר זיינען ניט איינזאַם,
מיר האָבן פריינט אומעטום
און זיי רינגלען אונז אַרום:
אויב אַ וואַנט צעשיידט אונז,
אויב אַ גאַס פאַרדרייט אונז —
זיינען מיר דאָך אינאיינעם
צענויפגעשמידט מיט ווענט און גאַסן,
מיט ליכטיקן געוועב פון טאָג —
אפילו אין חלום דורך נעכט,
דורך די קינדערלעך אונזערע,
וואָס חברן זיך אין גאַס, אין שול,
האָפּערדיקע פרייגלעכע, אָן צאָל.

חבר,
מיר זיינען ניט איינזאַם:
די אַרבעט רופט אונז צוזאַמען
בײַ די וואַרשטאַטן אין פאַבריק.
און ווען די עלעקטריק־שנור
הויבט אָן די מאַשינען דרייען
זינגען מיר זיך דורך
מיט אונזער אַרבעטער־ליד —
טוען איינע די אַנדערע דערפרייען.

אָ חבר —
וויפל אויגן פינקלען גוטסקייט
באַם מוטיקן קלאַנג פון האַמער,
באַם העלן הילך פון אונזער וואָרט:
אויג צו אויג צינדט דעם פלאַם,
בינדט האַרץ צו האַרץ אין איין שטאַם
מיטן רויטן פאָדים פון אונזער בלוט;
און עס איז גוט,
וואָס אונזער ברידערליכער טאַט
קען קאַזעמאַט
עפנט דורך די גרויליקע טעג
אין דער וועלט אונז אַ העלן וועג.

קומט די שעה פון באַגינען,
זינגען שוין די מאַשינען
דאָס ליד פון אַרבעט —
פון שטאָט צו שטאָט,
פון לאַנד צו לאַנד,
פון פאָלק צו פאָלק —
זינגען מיר מיט
מיט דער ליבע, וואָס בליט
אין אונזער שטאַם —
חבר, מיר זיינען ניט איינזאַם!

## ביי דער אַרבעט

1.

טרייסט מיך חלום פון אַרבעט,
אַ טרייסט פון ליכטיק צעגליטן טומל — — —

פרימאָרגן בין איך יונג און פריש,
האָפּעררדיק און מיט חלומות פול —
מיינע פינגער ווי אַרבעטער צען
רויִשן איבערן גרויען וואַרשטאַט
מיט עלעקטרישן ברען;
מיין האַרץ לויפט אין מוט,
סברענט די זון אין מיין בלוט,
גליט מיט טאָג אָן מיר דעם פּנים.

בייטאָג בין איך אין פולן כוח:
מיין פּנים בראָנזיק און הייס,
שאַרף מיט בלויען גלי די אויגן;
מיין גוף גרינג און בויגיק
און פול מיט העלן רויש — — —

ווייט, ווי דורך זילבערנע זיפּן
שווימט אויף גאָלדענע נעצן
פון ערגעץ דער אָוונט צו —
טראָגט אויף זיינע לבנה־ליפּן
דעם קילן אָטעם פון מידקייט,
דעם בלויען קוש פון רו — — —

## 2.

אָוונט קומט איבער דער פאַרהאָרעוועטער שטאָט
מיט קילן, דופטיקן טראָט,
ציט אַרויף גרינע מאַסטן
איבערן טאָגס שווערע לאַסטן,
אויפן לעצטן רויך פון הויכן קוימען —
אָוונט — קומט טרוימען — — —

פאַבריקן שליסן און לעשן זיך אויס,
באַנען קומען און גייען אָפּ אין רויש,
שניידן די שטאָט דורך ווי שאַרפע זעגן;
שיפן קומען אָן
און גייען אָפּ אויף יאָכיקע וועגן —
עס וויגט זיך אַ באַלויכטענע הויז
ביי בלוי, נייגעריקע ברעגן;
הייזער צינדן זיך מיט זשעדנעם פייער,
פענצטער לייכטן איבער מידע שטעגן.

איך גיי נאָכן טאָג — אין האַנט די לוין . . .
דער הימל ווערט נאַכטיק, ברוין,
ער ציט אַראָפּ פון זון די קרוין,
ציט אָן רו אויף שטאָט און שטיין,
ברייננגט דעם ריח פון בליענדיקן פליין,
וואָס מאַכט אַלץ מיד און שיין.

# אָט אַזוי —

1.

עס האָט דער זייגער זעקס געקלונגען,
זי איז פריש פון בעט אַרויסגעשפּרונגען
און צום פענצטער, צום טאָג זיך צוגעבויגן,
אַרום טאַליע מיט אַ רויטן באַנד פאַרצויגן
און ווי אַ פייגל דורכן טיר און פון הויז.
אָ, זון! גאָלדענער קאָפּ, ווי גרויס !
אַ גוטן טאָג מיין ליבסטער, זיי ניט בייז
ס'וועט מיין ליבע בא דער אַרבעט ליבן הייס.

2.

דער טאָג איז געגאַנגען הייס,
פון לייב האָט געטראָפּנט שווייס,
ווי צוויי וועכלעם אירע הענט
האָבן אין אַרבעט געברענט —
וואָלסטו דיין ליבסטע דערקענט?

3.

ער איז פאַרנאַכט געקומען
פון דער אַרבעט זי אָפּגענומען
און אַ היים געפירט.
זי האָט זיך געוואַשען און געצירט
אין איר בלוי־יונגסטן קלייד,
און ווייס דעם טיש געגרייט
מיט מילך און ברויט,
מיט רעטעכלעך און קרויט
פאַר הונגעריקע צוויי,
וואָס ליבן זיך אַזוי —
אָט אַזוי — —

## דאָס ווייסע קלייד

מעסט איך אָן מיר דאָס ווייסע קלייד,
דאָס לייוונט־קלייד — ניט פון טויט —
דאָס האָט מיין ליבסטע מיר אויפגעגייט
א קלייד צו דער ארבעט ביי ברויט

טו איך אָן אין מיט פון דער נאַכט
דעם ווייסן יאָך אויף מיין לייב,
ביים שטילן שלאָף פון קינד און ווייב,
ביים ווייסן שטויב פון געמאָלענעם ווייץ,
ביים פריילעכן קנאַל פון האָליץ־געהייץ —
און דאָס האַרץ ווי א מיל
טוט אין נויט א לויף אונטערן ווייסן קלייד,
וואָס מיין ליבסטע
האָט צו דער ארבעט מיר אויפגענייט.

# אונזער אַרבעט

אונזער ארבעט —
אַ פריש זאפטיק ברויט.
קנעטן מיר דעם ברויט,
באקן מיר דעם ברויט
טאָג און נאכט
אין הייסער שלאכט
מיט דער נויט.

אונזער טאָג —
פלאם אין אויוון
אין שפעטער נאכט.

ווי אויף הייוון
אויפגעוואכט
גייט אויף די מי
פון האנט צו האנט
צעפלאמט —
עס טוט אַ ברי
הייסע, ברוינע ברויטן;

ווי פון קנויטן
גייט אויף ווייסער רויך,
זאפטיק ווייך
און שיכורט די אויגן
וואָס ברעכן זיך פון שלאָף.

און די נאכט מיט רו פארצויגן
בלאָנדזשעט שטיל צום סוף;
ראָזער מאָרגן אויף צווייגן
וועקט די בלעטער פון שלאָף.

אונזער טאָג —
אש אין אויוון
באם סוף פון נאכט,
אויסגעלאָשענע הויוון
אין פייער אומגעבראכט.
די הענט אָפּגעשוואכט,
אויגן מיד און רויט —
לעמפלעך טונקעלע אָן גלי,
נאָר אין האנט
ווי א שווערע בראנד
טוט ברוין א בלי —
א ווארים פריש ברויט.

# צו מיין קליין מיידעלע

מיין מאשעלען

איך לאָז דיר איבער די נאכט,
איך לאָז דיר איבער דעם שלאָף,
איך גיי אויף ווי א ווייסער שטערן
אין דער פינצטער פון הויז:
טו זיך אָן און גיי ארויס
און גיי מיטן ווינט
און גיי מיטן שטויב
פון גאס צו גאס צו גאס
ביז דער בעקעריי — —
איבער מיר דער נאכטיקער טוי,
דער ריח פון שטילן גרינען,
דער ווייטער צייכן פון באגינען.

דער מאָרגן שלאָפט נאָך פון יענער זייט ערד,
א דינער רויך פון רו שוועבט אום אין די גאסן;
פון שטאלן דער ריח, די ווארימקייט פון פערד
שיכורט די לופט, ווי ביר פון געעפנטע פלאשן.

איך בין דאָ אויף
ניט קיין חלום צו שפינען פון פינצטערער נאכט,
איך האָב טיף אין פארזשמורעטן שלאָף
וועגן דיין מאָרגנדיקן ברויט זיך פארטראכט
און אויפגעוואכט ...

איצט ברענט שוין דער אויוון, קנוילט זוניקן פלאם
און אפן טיש דער טייג איז פארטיק גרייט
ווי א ווייסער לאם ...

# אַזאַ מאָנטיק.

פרי שטייט־אויף די מי אין שטאָט,
זון און טאָג ווען ערשט קומען.
אויף די שלאָפנדיקע גאסן בין איך דער ערשטער
מיט נאכט אין די אויגן,
ערשט פון שלאָף פארנעפּלט
איבער די הארטע שטיינער — איינער ——

דער באַגינען פון דעם מאָנטיקדיקן טאָג
הויבט אָן אומהיימלעך ווערן:
עס צעלויפן פון הימל זיך די שטערן,
די לבנה ציט אוועק הויך און קליין,
און נעפּלדיק ווערט דאָס בלוי,
געל ווערט דאָס גאָלד,
און דאָס גרין פון דער ערד
הויבט אָן צערן און ווערט גרוי,
ווי רעגן וואָלט געפאלן.

.2

מיד וועקט זיך די שטאָט,
אָטעמט שווער אויף קאלטע שטיינער;
אויף גאסן טומאנע דורך רעגנדיקן שראָט
פאָרט הארט ארויס די מי
און קריצט מיט אייזערנע ציינער.

עפן דיינע ליכטיקע קוואלן,
אומהיימלעכער באַגינען פון דעם מאָנטיקדיקן טאָג, —
אויף יעדער גאס און יעדן ראָג
שטייט געבויגן אָן איינציקער בוים
און וויל נאָך ניט וועלקן.

# צו...

ווי די ערד אין ראָד אַרום דער זון,
מיין פּנים אַ ליכטיקער העלט צו דיר.
מיינע אויגן ווי נאָענטע שטערן
מיט וואַרימען שיין — גליען אויף דיר.

איך גיי זיבן קרייזן דורך דער וואָך,
אַלע קרייזן צייכענען מיין יאָך —
ווי אַ רעגנבויגן העלן זיי פאַר דיר,
קלינגען אָפּ נאָענט בא דיין טיר.

דו חלומסט אום אין טעגלעכן שיין,
אין די פאַרבן פון צעפּלאַמטן לעבן;
ווי אַ קנאָספּ עפנט זיך דיין האַרץ,
ווילסט דיין פּיין מיר איבערגעבן.

ביסט לאַנג אַזוי איינזאַם געווען,
מיט אָרימקייט אין טרויער זיך באַהאַלטן;
אין מיין ליכטיקן קרייז זיך דערזען,
דיין פרייד — אין מיר זיך געשטאַלטן.

כהאָב געלערנט דעם גאַנג פון אַלע יאָכן,
מיך האָבן געקרייצט טויזנטער וואָכן —
בין אַרויס ווי די זון פון שווערע הימלען
אַ זונגטאָן, אַ שיינטאָן איבער אַלע שימלען.

# קום אַרויס!

דער אָוונט איז שוין דאָ
און פון זיין בלויער שעה
העלט אַראָפּ די רו
און קומט צו
נאָנט צו דיין הויז.

קום אַרויס
אַף די פרילינגדיקע וועגן, —
געגנוג דעם טאָג אין שאַפּ געלעגן,
דעם קאָפּ געבויגן,
מיט פאַרשאַרפטע אויגן
צו דער רעוועגדיקער מאַשין:
זע, די בין,
דעם פויגל,
זע, דאָס בליענדיקע גרין
און דעם ווינטס
פריילעך־פלאַטערדיקן דריידל.
קום אַרויס —
די זון איז נאָך גרויס,
און העלט היים —

קום, קום!
אַ פרישן טרונקטאָן
פון די פרילינגדיקע לופטן —
מאָרגן אין שאַפּ ביים מאַשין,
ווי דער טאָג וועט זיך צעדופטן, —
פרייד אין האַרץ וועט אויפזינגען
ווי די זיסקייט
פון אַ גאָלדענער בין!

# אָוונטברויט

נאכט גייט אויף איבערן טיש.
די רו זאַמלט זיך ביים טיש.
דער האַלבער, ברוינער ברויט
קוקט מילד צום שטאַלענעם מעסער;
און אין ליכטיקן קרייז פון לאָמפּ
בליט ווייס דער טישטוך אויפן טיש
ווי אַ שטיק נאָכמיטיק הימל.

מידע און אָפּגעצערטע פּנימער
זיצן ישפּעט ביים אָוונטברויט,
נאָכגעלאָזטע, ביינערדיקע הענט
שטרעקן זיך איבערן טיש;
פינגער גייען געבויגען צום מעסער,
מיטן מעסער ניט זיכער צום ברויט —
אַנטקעגן די שאָטנס זייערע
ציטערן אויף די ווענט.

ווייט און פינצטער איז דער טאָג אַוועק,
ליגט שטויביק זיין שטילקייט ווי אַ דעק
און דעקט זיי צו
מיט שווערער, דרעמלענדיקער רו — —

דער אָוונט האָט זיך אויסגעוועבט אין צייט,
די מי שלאָפט ביי זיין זייט,
נאָר אין לאָמפּ וואַכט נאָך העל
אַ פונק פון מאָרגנדיקער ליכטיקייט — —

## שטיין און שטילקייט

הייסע, טונקעלע נאכט.
שטיין און שטילקייט.
רוים און רו — — —

ווארים פלייצט דער ווינט,
רויכערט די גאסן מיט קלעפּיקע לופט,
מינעוועט די שטילקייט אין שטאָט.

שטיין און שטילקייט.
נאכט און שטערן — —

די שווארצע קעפּ פון די הויכע מויערן
דרעמלען איבער די פּאראדאקטע טויערן
און לבנה באַלייכט.

ס'האָט דער רייכער שוין איבערגעציילט זיין געלט,
אַ גראָבן ציפער אין בוך ווי אַ שומר באם טיר געשטעלט
און — שטיין און שטילקייט.

נאָר דער היימלאָזער, ווי אַ הונגעריקער וואָלף אויפן פליין,
וואנדערט מיט זיין חלום צעווישן שטאָטישן שטיין
און קריצט אויף דער שטילקייט מיט שפּיזיקע ציין.

# דער גאַנג פון אַרבעטסלאָזע

אזוי איז דער גאַנג פון ארבעטסלאָזע באַטאַליאָנען,
און דאָס איז דאָס געזאַנג וואָס הונגעריקע דערמאָנען:
דער ווינט פייפט און שניידט ווי א שאַרפע שווערד,
דער פראָסט שמידט מיט א ווייסן פאַנצער די ערד,
און דער טאָג איז גרוי און שווער — קאַלטער בליי,
ווי א שונא פאַלט אָן אויף דער ריי.

און הונדערט און טויזנט אין טראָט,
דער גאַנג אין געזאַנג, ווי א ראָד,
און דער פאַקל דעם פייער צעזייט,
ווי א פלינל פלאַטערט די פאָן רויט
קעגן דער קלעם פון דער נאַכט,
קעגן דער פולווערדיקער מאַכט !

און ס'ציטערט אויף די ערד אין בייזן געשריי
פון הונגער, וואָס שפראָצט אין טויטלעכן וויי —
כוואַליעס שלאָגן אויף פון שטורם דעם טאָן
אין גאַנג און געזאַנג פון ארבעטסלאָזן באַטאַליאָן.

## אַ וויג־ליד

דער בוים האָט אַ ציטער געטאָן,
דאָס בלאַט האָט אַ פאַל געטאָן
און איז שטיל געבליבן ליגן —
שלאָף, קינד, איך וועל דיך וויגן.

די נאַכט האָט גענומען
מיט זיך דעם טאָג פאַרנומען,
פאַרטריבן די זון, זי פאַרשוויגן —
שלאָף, קינד, איך וועל דיך וויגן.

אין שטוב איז טונקל דערוויילּ,
די מאַמע איז געגאַנגען אַ מייל
דיר עפּעס עסן קריגן —
שלאָף, קינד, איך וועל דיך וויגן.

די מאַמע איז נאָך ניט געקומען,
אויפן הונגער־מאַרש איז פאַרנומען:
די נאַכט וועט זי הינטער גראַטעס ליגן —
שלאָף, קינד, איך וועל דיך וויגן.

מאָרגן באַגינען, די זון וועט אַרויס,
קומען וועלן מאַמעס — מחנות־גרויס
און וועלן די גראַטעס צעדריקן —
שלאָף, קינד, איך וועל דיך וויגן.

# פייערן פון קריג

פון ערגעץ קלייבען זיך פייערן פון קריג.
אויף נייע סטעזשקעס טרעטן אין געהיים יונגע זעלנער:
און אלטע געפּרואווטע וועגן
הערן און שטומען אין סודות פארווירט,
אונטער די זעלנערשע בלינדע טריט.

אז די שלאכט וועט אנקומען
מיטן וויסטן פייער פון קריג,
דאס לעבן וועט פון די בליענדיקע פעלדער זיך צעווייען:
בוימער וועלן צאפּלען אין אטעם פון שרעק,
זאנגען אין טרויער וועלן בייגן די קעפּ,
אויפגיין וועט דער טאג געוויקלט אין גרויען קרעפּ.

פון ערגעץ קלייבן זיך פייערן פון קריג.
אויף די האריזאנטן —
הויבן זיך, קנוילן זיך שווארצע רויכן . . .
דאס הארץ פילט דעם פלאמיקן — טיק, טיק . . .
ווי א ווייסע טויב אין די הויכן
פלאטערט אין געפאר דארט אונזער גליק . . .

# אַ גרוס

י. ראַלניק!

איך שרייב דיר אַ גרוס
פון ווייטן וועג
וואו איך בין אין אַ ליד אויפגעגאַנגען
און דאָ, וואו עס שטייט מיין פוס
וואַקסן פיינלעכע טעג,
און איך גיי אין געיעג
נאָך ברויט און פרייהייט.

טעג, טעג —
מיינע רויטע בלעטער,
מיינע אָפענע בריוו —
טראָגט מיין גרוס
פון לאַנד צו לאַנד,
פון שטאָט צו שטאָט — — — —

איך שרייב דיר אַ גרוס
אויפן ווייסן בלאַט פון דער לבנה
עפן דיין פענצטער אין דער נאַכט
און לייען די שוואַרצע שורות . . .
די געלע פלעקן
אויפן ווייסן בלאַט פון דער לבנה.
אין בלויען ליכט פון דער נאַכט
שיק איך אַ רוף צו דיר,
זינג אַ לויב־ליד צו דיר.
טרינק אַ ביטער געטראַנק
ביזן סוף פון דער לבנה.
ביזן קריי פון האָן.

# זיידענער פויגל

לאנג האָב איך פארלאָזט מיין היים,
דעם טאטנס שטיבל,
דער שטיפמאמעס פאריבל —
א זיידענער פייגל מיט גאָלדענע פעדער
האָט דאָ אין שטאָט מיך געפאנגען.

גיי איך אום דאָ בא די ברעגן פון גאס
מיט קופער געלט אין טאש —
קלינגט עס קלויסטער געזאנג,
פארצייטיק געדאנג:
קויף איך ביר און ציגארעטן,
ווארף א פעני א בעטלער אומגעבעטן
און פייף א היימיש-ניגון —
די ביינקשאפט צו פארוויגן.

א זיידענער פייגל,
דיין קול קלינגט ווי אין פוסטער פאס
צווישן די שטיינערנע ווענט פון שטאָט
וואָס העלט, זינגט אין לעקטריק־דראָט —
דיינע פריינט אויף דער גאס
זוכן אום אין קאנען קרישקעס ברויט
און געפינען זיך פריצייטיק דעם טויט,
פארשעמט, פארמיאוסט און פארגעסן —
אָ זיידענער פייגל —
ווי דו האָסט מיר שוין דערעסן!

# מאַמע . . .

אין א קליין געבויגן שטיבל
בין איך געבאָרן,
אין טאַטנס הויף זיך געהאָרעוועט
אונטער צאַם.
כ'בין איבערגעשפּרונגען די צאַם,
ווי א הירש געלאָפן אויף ווילדע וועגן
און האָב מוראגעהאַט פרעגן:—
ווער בין איך אזא ציטערדיקער
אין ווייסער, גלאַטער פעל?
איך האָב געזען
דער טאָג איז גאָלדיק העל,
דער זאַמד אונטער די פיס הייס
און איך בין דאָרשטיק
און הונגעריק
און בייז.
איך בין געקומען צו א קוואַל
און זיך געבויגן צו אים
און האָב זיך דערזען אין אים
אין א צעריסן העמד —
און אנטקעגן מיר ווייסע הענט
און בלויע אומעטיקע אויגן
האָבן דערלאַנגט מיר א טרונק . . .

איך האָב שטיל זיך אויפגעשטעלט,
אין האַרץ האָט מיר עפּעס אויפגעהעלט
מיט אזוי פיל גליענדיקע שטערן;
איך בין שטאָלץ אוועק מיטן ווייסן וועג —
אליין אין דער וועלט עפּעס ווערן . . .

# מען דאַרף אַרבעטן

.1

מען דאַרף אַרבעטן,
פאַרדינען זיך דאָס עסן
האָט גערעט דער טאַטע.

באַם טיש האָט גערעט
די שטיפמאַמע,
די וואַסערדיקע קאַשע,
דער קאַרגער חלק ברויט:
— אין שטוב איז נויט.

האָבן ווערטער אויגן,
קוקן פאַרזאָרגט אַף מיינע הענט,
קוקן שטיל געבויגן,
קוקן טרויעריק פאַרשעמט.

איך האָב אַ ברוגזער געהערט
און מיין יונגקייט האָט געשוויגן
ווי אַ צווייגל אין האַרבסט.

אומעט האָט געקלעפּט זיך
צו מיין יינגלישן פּנים
און געבלייבט אים
ווי מיט טרערן אָבגעוואַשן.

אַ טאַטע, ביסט גערעכט,
סלעבן מאָנט זיין לוין . . .
פון גוט ביז שלעכט —
בלויז וואָר פון טרוים.

# מען דאַרף אַרבעטן

2

האָט ער מיך אויפגעוועקט גאָר, גאָר פרי,
פארן האנט מיך גענומען
און געפירט צו דער מי,
אויף דער וועלט
און אין מיין הארץ איז ערשט טאָג געוואָרן,
א יונגער זומער האָט געשפּראָצט ארום הויז,
און — ווייט ארויס
איז דער וועג אין גראָז, אין טוי געלעגן;
איך האָב געוואָלט אים עפּעס פרעגן
האָט ער מיין האַנט געהאַלטן שטייף
און שטייפער נאָך געשוויגן.

דער טאָג האָט אין ראָזן ליכט גענומען זיך וויגן.
פון א הויף האָט א האָן א דריטן קריי צעשריגן.
מיר אַנטקעגן זיינען פון די בוימער ארויס
שוועלבלעך, שמעטערלינגען און פליגן.

זיינען מיר אַלע געגאַנגען גאָר פרי
צו דער וועלט פון מי
אויף אַלע מארקן, אויף אַלע וועגן
פרעגן און וועגן
מיין כוח, מיינע הענט, מיין ווערט
און מיין הארץ האָט געצערט
און געזונגען: אַרבעט, אַרבעט . . .

# פרילינג

ליכטיקע קוואַלן
האָבן אַ פּלייצגעטאָן
אין דער מינוט פון באַגינען.
די נאַכט דעקט אָפּ דאָס גרינען,
דאָס פעלד און די שטאַלן
און דעם קריי פון האָן.

קומט דער פּויער מיט זיין פערד
אויף ווייכער, טויאיקער ערד
אין ליכטיקער שטילקייט פון טאָג:
הויבן הימלען זיך און בלויען,
נעפּלען שווימען, וואָלקנס — זשויען,
און דער פייגל טוט אַ יאָג.

דער פּויער און זיין ווייסער פערד
און דער געשפּאַנטער, בלאַנקער אַקער,
טוען העל אין זון אַ פלאַקער
ווי אַ זעגל־שיף דורך דער ערד.

# ג אָ ל ד

דאָס ביסעלע ערד
וואָס איז גאָלד,
דאָס ביסעלע גאָלד
וואָס איז בלוט —
טראָגסט עס אין האַנט
ווי אין האַרצן די פרייד, ווי פּיין
און גיסט זיך מוט
האָפּערדיק זיין —
מיטן ביסעלע ערד
וואָס איז גאָלד,
דאָס ביסעלע גאָלד
וואָס איז בלוט . . .

# אָן אַרבעט

מוליע
איז אַן אַרבעטער אַ שטילער,
ער קאָן פון פּיין הויך ניט ברומען
ווען די נויט ווערגט אין דער היים;
זיין פּנים טונקל ווי ליים
פלאַמט נאָר פון טרויער.

מוליע וואווינט אין אַזאַ מויער
וואָס איז אַלט און פייכט ווי האַרבסט,
און עס הפקרט די אָרימקייט
באַ אים אין שטוב ווי אַ קאַץ אַפן מיסט.

זיבן טעג אָט אַזוי
טוט דער טאָג אים אַזאַ הויב
און די שעהן אַזאַ ליידיקן דריי;
שניידט ער ווי אַ רעליץ
דורך די גאַסן מיט זיין וויי
און דער טרויער אין אים
ווי אַ וואַלד פייער ברענט.
דער טאָג פון דער הויך
מיט זון און רויך
קוקט אים שאַרף אין די אויגן,
ציילט דאָס ליכט ווי אַ בויגן,
צו זיין ברייטער ברוסט;
טוט ער אַ הונגעריקן הוסט
צו דער זון אין דער הויך,
אין שטויביקן רויך
און פאַרגייט זיך ווי אַ באַס
— אינם טומלדיקן כאָר פון גאַס
ראַש! האַס!... קאַעס!...

# געשטאָרבן איז משה

געשטאָרבן איז משה
מיין געטרייער חבר —
זיין וועלט האָט געדויערט
קאַרגע פערציג יאָר;
ער האָט געקנאָטן און געמויערט
וואונדער געצעלטן אויף וואָר —
אים האָט דאָס לעבן געטרויעט
נאָר די קנעכטשאַפט פונעם דור.

אָ, געדענקט אים, ווי איך,
ווי זיין ווייב און קינדער:
ער האָט קיין שאָף און רינדער,
גאָלד און זילבער אונז ניט איבערגעלאָזט;
זיין האָב און גוטס
איז ווערט אביסל קופער־געלט,
אויף אַ קעפּל קרויט,
אויף אַ יאָרצייט קנויט.

געשטאָרבן איז משה,
משה מיין חבר איז טויט.

# ברודער

איך באוויין ניט מיין ברודער —
ער האָט די שפּאַנישע ערד אָנגעטרונקען
מיט זיין וואַרעם, יונג בלוט
און פאַלנדיק — פון פרייהייט געזונגען,
ווי אַ פאַרוואונדערטער פייגל אין גראָז.

מיין ברודער האָט געהאַט מוט צו שטאַרבן.
ער האָט געזען דעם טויט —
רויך און פייער,
האָט ער אויפן בערגל ערד
זיך אויסגעצויגן געטרייער . . .
דאָס בערגל ערד האָט דערפילט זיין האַרץ,
זיין וואַרעם בלוט,
צעקושט זיך מיט אים אין דער גוטער מינוט
און ווייך און לינד
צוגעדעקט מיט שטויב און ווינט,
ווי אַ שלאָפנדיק קינד . . .

# אַפּן לינטש שטריק

. . . היינגט אים, היינגט אים !

— — — — — — — — — — — —

היינגט ער אויפן שטריק ווי א בוינן,
הויך באַם האַלז צום שטילן בוים צוגעצויגן
און דער ווינט וויגט אים אום.

ווען זיין מאַמע וואָלט דאָ געווען
וואָלט זי א שלאָף־ליד אים געזונגען
ווי באַם וויגל פון איר קראַנקן קינד.
ווען זיין טאַטע וואָלט דאָ געשטאַנען
וואָלט ער א בעט פאַר אים געגראָבן,
אויסגעבעט דאָ ווייך זיין דזשאָנען
און געלייגט זיין האַרץ אים צעקאָפּן.

היינגט ער שוואַרץ ווי א גרויל
און האַלט אָנגעשטעלט דאָס מויל
ווי ער וואָלט געהאַט עפּעס צו זאָגן . . .
נאָר זיינע ווייסע ציין
האָבן זיך אים פאַרהאַקט אויפן צונג,
קאָן ער א טרער ניט אַרויסקלאָגן.

היינגט ער ווי אַן אָפּגעברענטער פייגל
הויך צום בוים צוגעבונדן, ווי צו אַ שטייגל.
גרינע צווייגעלעך דעקן צאַרט אים צו דעם קאָפּ,
און דער ווינט קרייזלט זיך ווייך אין זיינע האָר —
עס איז וואָר, ווי דער בלויער גאַנג פון באַגינען,
אַז ער האַלט קלאָר זיין אומשולד אויפן זינען
אויפגעקריצט רויט ווי יעזוס טויט.

# יאַשע שכור

פאַרשטויבט היינגט יעזוס איבער יאַשעס קאָפּ,
יאַשע איז אַ רוס און יעזוס אין אַ גאָט,
היינגט ער בא אים אויף אַ דראָט.

איצט איז יאַשע ניכטער און מיד
ווי אַ וואָכעדיקער איד —
ליגט ער און קען ניט שלאָפן:
זאָגט ער:
יעזוס, איך בין בייז,
זאָלסט מיך ניט שטראָפן —
וואָלסט אַ ביסעלע בראָנפן
אין דיין קריגעלע געבראַכט,
וואָלט איך אַ הוליעגעטאָן די נאַכט,
אין האַרץ וואָלט געוואָרן גרוים
און פריילעך ווי אויף אַ יאַריד —
ס'וואָלט זיך אויפן וואַנט מיר ניט געדאַכט,
אַז מיט אַ שבת־פּנים
היינגסטו ווי אַ נעגער אויף אַ בוים.

## דער אַלטער יאָשע

בלויז צווישן שטילע ווענט
קען מען הערן ווי דיין האַרץ שלאָגט
און אין פענסטער קאָן מען זען
ווי דיין פּנים ברענט
פון איינזאַמקייט.

בלויז אין פענסטער קען מען זען
ווי דיינע פּאַרמעט־הענט גלעטן אויפן שויב
ווי אַ ציטעריקע טויב
דאָס ליכט פון טאָג וואָס פאַרגייט
אין דיין איינזאַמקייט.

בלויז ביים טיש, ביים וואַסער מיט ברויט
קאָן מען דיך זען אין אָוונט
ווי דו וועסט אויסזען ביים טויט.

# מאָנטרעאַל

האָסט מיך אויפגעוועקט אין דיין גרינעם האַפּן,
האָב איך דיר שטיל מיין נאָמען געזאָגט,
האָסטו אים אויף א ווייסן בלאַט פאַרשריבן;
עס האָט ערשט געטאָגט —
איבערן בארג געגאַנגען איז א רויך א בלויער
ווען דו האָסט מיר געוויזן דעם שמאָלן טויער
צו דיינע אָרימע, נידעריקע גאַסן.

פרי האָב איך אָנגעקלאַפּט אָן דיין שטיין,
דיר אַלץ דערציילט פון ווייט פון הארץ,
מיין פרעמדקייט אויפגעעפנט פאַר דיר
ביי דיין קאַלטער טיר.

זעכצן ליכטיקע יאָר האָב איך דיר געבראַכט,
צוויי יונגע הענט ווי פּיילן אָנגעצילטע,
א הארץ ווי א פייגל אין בליאונג פון געזאַנג
און מיין קאָפּ ווי א געצונדענעם קופּאָל
צו אַלע דיינע פינצטערע ווינקעלעך —
מאָנטרעאַל !

אין דיינע ווענט איז איינגעמויערט מיין היים,
עס ליכטיקט מיין לעבן אויף דיין שטיין —
מיט אַלע יידישן פון היינט און אַמאָל —
אין אייביקן בונד מיט דיר — מאָנטרעאַל !

# באַ פעלדער אויף קעסט

איבער דער ברייטער ערד פון קאַנאַדע
זיצן שטעטעלעך און דערפעלעך צעזייטע
באַ פעלדער און וועלדער אויף קעסט.

שיין איז דאָ דער טאָג פון האָרעוואַניע,
די מי — אַ גאָלדענער זאַנג,
בינדט זיך מיט פרייד אין סנאָפּעס.
די רו, ווי ברויט אין שייער — זינגט פון זעט
צום אַקער און צום פּויער.

מאַכט דער פּויער אין הארבסט זיך אַ יום־טוב
און צעלייגט אין פעלד אַ פייער:
קומען שמעטערלינגען און היישעריקן טאַנצן,
זשוקלעך און מוראַזשקעס קומען הוליען,
מחנותווייז זיך פרייען,
דרייען אַרום פייער.

קוקט פון שטיין די שטאָט פון ווייטן,
בייז און הונגעריק מיט זשעדנע אויגן:
קומט צום דאָרף צוגיין אויף גרייטן
פון אירע זיסע זאַפטן זויגן.

אויף דער ברייטער ערד פון קאַנאַדע
זיצן דערפעלעך פאַרגלויבטע,
זיצן פּויערים באַרויבטע,
דורך שטייער און דורך האנדל,
אָן דעם האָניק,
אָן די מאַנדל,
מיט ליידיקער ערד, מיט ליידיקן שייער,
מיד מיטן מידן פערד
באַם הארבסטיקן פייער.

# מיין אַלטער פּעטער

מיין אַלטער פּעטער שלאָפט.
די זון וואַרימט אים אין פּלייצע אויפן באַנק.
דערביי זינגט דער פייגל פרילינג־קלאַנג
באַהאַלטן אין די צווייגן אויפן בוים.

סאיז באַ מיין פּעטער אַזאַ עלטער,
וואו ער זיצט — שלאָפט ער איין —
סדאַכט זיך אים אַלץ קעלטער,
נאָר אָוונטדיקער שיין.

זעט ער עפּעס גרין אָדער בלוי,
ציט ער די אויגן צענויף אין גרוי
און שמעקט קרום מיט דער נאָז
דעם זיסן ריח פון טוי.

ער גיט זיך אַ טרייסל ווי אַ בוים,
ווערן די האָר זיינע ווי ווייסער שוים,
שטעלן זיך אויף, צעפליען קאָם
און פאַלן ווי אָפּגעשניטן גראָז.

שפּעטער —
כאַפּט זיך אויף מיין אַלטער פּעטער,
שפּרינגט אויף אין מיטן דרינען —
זוכט זיך ביים האַרץ, ביים זינען,
לויפט זיך דורך ווי אַ האָז —
אינעם פייער פון זון זיך געפינען
ווי אין אַ גאָלדענעם שפּיגל־גלאָז.

## ניט פון דאָרט

ניט פון דאָרט,
ניט פון פעלד בין איך געקומען
מיט אַ טשערעדע יונגע יאָרן
דיר אַנטקעגן.

פון שטאָט, פון פאַבריק,
דאָרשטיק און הייס
האָב איך געטראָפן צו דיין טיר
און געבעטן עסן בײַ דיר.

אַ קרוגל וואַסער איז געווען גרייט,
אויפן טיש דער ראָזעווער ברויט,
און דו אין אַ בלוי קלייד
האָסט זיך געגריסט
ווי מען דערפילט פרייד.

אין דיינע שטילע אויגן
האָט ליבשאַפט אָנגעצויגן,
און אין פנים די שיין
האָט אויפגעשפילט ווי יונגער וויין
פון האַרץ אַרויפגעבראַכט
צו יובלען די נאַכט.

# איך פאַרגין דיר

איך פארגין דיר דאָס ברויט פון מיין ארבעט,
פארגין מיר די שעה פון מיין רו —
שטיל ווי א טויב רו אויס די פרייד אין נעסט,
ווען איך קום צו דיר א מידער צו געסט.

איך פארגין דיר דאָס קלייד פון מיין ארבעט,
פארגין מיר די פרייד פון יונג־פרוי —
גוט ווי א טויב מאך ליכטיק און לופטיק דיין נעסט;
ווען איך קום צו דיר א מידער צו געסט.

איך פארגין דיר די פולע פרוכט פון מיין מי,
פארגין מיר דעם קערן פון דיין ליבשאפט —
ווי פאר דיין קינד זאָל וואויל זיין אין דיין נעסט,
ווען איך קום צו דיר א מידער צו געסט.

## צו...

פאַר דיין שוועל
קומט באַגינען דער טאָג
אַ געצונדענער און העל,
טוט דין אין טיר אַ שלאָג,
אין פענצטער אַ קלונג
מיטן גאָלדענעם פונק,
מיטן שטראַל
פון זיין ליכטיקן קוואַל.

האָסט אַזוי פיל הוילע טעג
ווי פייגל צעלאָזן אויפן ווינט
און אַליין געטרייפט אין טרויער.
איצט האָסטו ווי דער פרילינג וועג
דערפילט דאָס לעבן פון אַ קינד
שלאָגט אין דער שעה דער בלויער.

האָסטו פאַרטראַכט זיך
און ווייט פאַרטראַכט זיך
אויף דער שיינקייט,
אויף דער העלקייט,
אויף דער פולער פרייד
וואָס דאָס לעבן
קאָן אַזוי פיל געבן.

# ליכטיקער מענטש

1

זיי געליבט און געשעצט
פון מענטשן, ליבנדיקער מענטש,
און ווי תמיד ביז איצט
האַלט דיין האַנט און בענטש
ד גבורה פון יונגסטן ברודער,
וואָס מאָנט די ערד אָן בלוט
און נעמט זיך צו דעם רודער
פירן וועלט — צו אַל־דאָס־גוט.

.2

כ׳גיי ווי דער טאָג ליכטיק מיט דיר
מיט דיין גלויבן אַף אַלע טאָרגן —
מיר עפענען אין יעדן הויז א טיר
צום גוטן, צום זיכערן מאָרגן — —

מיין וואָרט ווי דיין ביינקשאַפט שלאָגט אָן,
אָן הארטן האַרץ, צי אָן שטיין —
א העלער פונק מוז זיך א צינד טאָן
פון פרייד, צי פון ביטער געוויין . . .

זשעדנע זינג איך האָפערדיקע לידער
ווי דער יונגסטער קעמפער פונם דור:
ס׳ווערט ליכטיק מיר אין טונקעלן נידער,
וואו די אָרימשאַפט שמידט איר וואָר.

# אין ליכט פון טאָג

היימיש זיינען מיר דאָ אַלע,
פון ווייטע לענדער אָנגעקומענע —
דער זון זיינען מיר נאָכגעגאַנגען,
נאָכן פרייען רוף פון דער ערד.

אין שמאָלע גאַסן וואוינען מיר שכנים,
ברידער און שוועסטער און קינדער.

פון טיר צו טיר,
פון פענצטער צו פענצטער
זעען מיר זיך אין ליכט פון טאָג;
מידע גריסן מיר זיך אנטקעגן
אָן ווערטער, אָן פרעגן —
מיט אַ דינעם שמייכל
פון העפלעכקייט ווענן.

נאָר אויף די וועגן צו פאַבריקן,
צו באַנען, צו שיפן,
צו פעלדער, צו מינען, צו טאַליקע טיפן —
גייען מיר מיט חלום אין די אויגן,
איינער דעם אנדערן אנטקעגן,
איינער דעם אנדערן באַגליקן!

# איינציקער

— איינציקער
אויפן וועג פון טאָג צו נאַכט
באַהעפּסטו זיך ניט מיט דער זון,
ניט מיט מענטשן.
די אַרבעט נעמט דיך איין,
פּאַסט דיך אין זיך אַריין.
שטייסטו געשמיט צום וואַרשטאַט
און ציילסט ווי גולן די שעהן,
וואָס זוניקן אַרום און בלויען;
דרייסט זיך אין זיי אַן איינציקער
און ווערסט ניט קיין צען,
קיין הונדערט, קיין טויזנט.

דיין ביינקשאַפט ווי אַ טויב
איז אויפן צענטן שטאָק געפאַנגען
און קוקט צו דער זון דורך שטאַנגען,
דורך אַ געפראָרענער שויב.

שטייסט אין שאָטן פון אַ טויבער וואַנט
און שלאָגסט אויס מיט דער האַנט
דיין איינציק־איינזאַם־ליד צו דער וועלט.
און די וועלט מיט בוים, גראָז און זאַנג,
זינגט אין כאָר מיט שטיין, שטאָל און גראַניט,
און פאַרהילכט דעם קלאַנג
פון דיין איינזאַם ליד.

# גרויַ לעבן

בא גרויע טישלעך
זיצן גרויע מענטשלעך
און וויגן זיך
איבער פולע קריגלעך ביר.
און איינער
פאַרציט אַ שטילן ניגון.
אַ צווייטער
דערציילט עפּעס אַ ליגן.
אַ דריטער
ציט זיך צום קריגן.
און אַ פערטער
זיצט ווי אַ צעשטערטער,
גיסט אין קריגלעך פאַר פיר
ווי ברוינעם טרויער דעם ביר
און רופט :—
פאַר אונזער לעבן !
כ'האָב עס דער וועלט אָוועקגעגעבן
פאַר אַ האַרטן, קופערנעם סענט,
ווי אַ בעטלער בין איך געבליבן,
ניט צום האַסן, ניט צום ליבן,
ביי קאַלטע, שטיינערנע ווענט.

ווי פאַררויכערטע לאַמטערנעס
זיצן זיי טריב און פאַרשמאַכט;
ס'רייסט דער ווינט זיך אף די שויבן,
מיט שניי קלימפּערט די נאַכט.

# דאָס ליד פון דער פרוי
# וואָס וואַשט פרעמדע דילן.

דאָס ליד פון דער פרוי
וואָס וואַשט פרעמדע דילן
קאָן זיך מיט פרייד ניט שפּילן,
עס איז ווי דאָס וואַסער גרוי
און צאַנקט נאָכאַנאַנד
אויף איר מידער האַנט,
קאַלט און רוי.

דאָס ליד פון דער פרוי
וואָס וואַשט פרעמדע דילן
פויזעט אויף די הוילע קני
ווי אַ קינד וואָס וויל זיך שפּילן
מיטן מיסט אין שטוב
און פאַלט איבערן שוועל
ווי איבער אַ גרוב.

עס טוט אָן דיל אַ קלונג איר געביין,
איר האַרץ טוט הילפלאָז אַ וויין
צו דער זון אויפן שויב
מיטן בלוט פון איר צעקלאַפּטן קנאָכן,
און ווי אַ פאַרוואונדעטע טויב
קריכט זי איבערן דיל מיד, צעבראָכן.

# אַריסטאָקראַטיע

אריסטאקראַטיע —
קופערנער נאָמען פון צייטן, אַלטן,
כ׳וואָלט אָפּגעשייערט דעם שטויב פון דיר,
אין בוזים-קעשענע דיך באַהאַלטן,
וואָלט דיך געטרויעט מיינע אייניקלעך
ווי אַן אויסגעשפּילטע אַנטיק-ליר, —
נאָר די אָרימע פרוי
וואָס איז פרי געוואָרן גרוי,
וואוינט מיט מיר אין איין הויז —
איז איינע פון הונדערטער בלויז
וואָס קלאָגט אויף איר עלנקייט . . .
טוט עס מיך אַזאַ נאָג,
עס גיט מיין בלוט זיך אַבייט,
ווען זי קומט צו מיר יעדן טאָג
באָרגן אַ שטיקל ברויט.

אַריסטאַקראַטיע —
נעכטיקער טאָג אין ווייַרויך-גרוי —
מיין לעבן איז אויפגעגאַנגען ווי די זון רויט
און מיינע חלומות ווי די שטערן —
פינקלען צו דער אָרימער פרוי !

# מנחה

בלויער אָוונט לייגט זיך אויפן וואנט
און אין שטוב איז שטיל.
שטייט דער טאטע מיטן פנים צום וואנט,
שלאָגט אין הארץ זיך מיט דער האנט
מורמולט מנחה אין דער שטיל — — —
און די שטיינערנע הארץ פון דער וואנט
שטייט טונקל און קיל — —
נאָר דער בלויער אָוונט ביי דער וואנט,
פירט דעם טרויעריקן קול פון זיין געביין —
פארגיין, פארגיין — — —

איז דער טאטע געשטאָרבן גרוי און אָרים,
מיך איבערגעלאָזט יונג אין חלום
ווי אין זייד א פארפלאָנטעטער וואָרים.
איך האָב געזען ווי זיין קבר
האָט זיך געעפנט און פארמאכט;
כ'האָב געהערט ווי ער איז צווישן די ווענט
אראָפּ טיף אין דער נאכט
מיט פארקראמפטע הענט . . .

# מיינע הענט

מיינע הענט ווייסע, מידע,
שפּילן זיך מיט קינדער און טויבן,
שפּילן ווי צווייגן אין ווינט
פרילינג לידער אויף ווייס פּאַפּיר.

שלאָפן איין די קינדער,
דרעמלען איין די טויבן, —
זינגען אויף מיינע לידער
ווי שטערן אויף די שויבן.

איך האָב אין יאָך פאַרקנאָטן
מיינע ווייסע מידע הענט —
דאָס ברויט איז מיר געראָטן,
מיין מי האָט אויפגעשעמט.

כ'האָב פאַר יעדערן א קערן —
צעטייל מיין ברויט, מיינע לידער,
ווי מיין מאַמע איר ליבשאַפט
האָט געטרויעט מיינע ברידער.

# דיריגענט

אַין אָנדיינק פון יעקב שייפּ

דיריגענט,
דיין כאָר איז אָנגעגליט,
דער אָרקעסטער אָנגעשמידט
אין פול בליענדיקן געמיט —
עס פלאַטערט דער טענאָר,
גרייט איז שוין דער באַס
און די סאָפּראַנאָ וואַרט
זאַפטיק און קלאָר
אויף דעם אנקאָר — — —

דיריגענט,
וואָס שטייסטו אַזוי בלאַס
אַראָפּגעלאָזט די הענט ?

דיריגענט,
דיין פּראָלאָג האָט אויסגעהאַלטן,
אין טאָן און תוך פון לעבן —
אויפגעלויכטן האָבן אַרבעטער געשטאַלטן,
ס'פאָלק האָט זיך דיר איבערגעגעבן.

דאָס פאָלק אויפגערוישט ווי אַ קוואַל
זיצט פאַרווירט אין ליכטיקן זאַל,
וואַרט אויף דיין דערהויבענעם, פריידיקן טאָן;
מיטן שטעקעלע אין האַנט ווי אַ גאָלדענער שטראַל —
שלאָג־אָן, זאָג־אָן, ווייז־אָן :
עס זידט און זינגט דאָס בלוט אויף דער פאָן,
עס גרייפן די פלאַמען, די מאַסן שטרייטן,
פאָראויס שפּאַנען די מאַרטירער־גייסטער

איבער שטעט און וועגן פון אַלע ווייטן —
שלאָג־אָן, זאָג־אָן, ווייז־אָן — — — —
אָ מייסטער, ליבער מייסטער
פון דערהויבענעם טאָן !

דיריגענט,
וואָס שטייסטו אַזוי בלאַס
אַראָפּגעלאָזט די הענט ?

דער טויט איז אַ פּיינלעכער חלום
וואָס האָט צו דיר זיך געווענדט,
האָסטו אויפגעלויכטן אויפגעברענט —
פאַרן שלונג פונם חלום אויפגעשעמט
מיט די כאָרן, מאַנדראָלינען;
אין געזאַנג די העכסטע פרייד געפונען
צו די פּיינען
וואָס האָבן דיך פאַרלענדט.
— — — — — — — — — — — —
דער כאָר איז אָנגעגליט,
דער אָרקעסטער איז אָנגעשמידט,
עס פלאַטערט דער טענאָר
גרייט איז דער באַס
און די סאָפּראַנאָ וואַרט
זאַפטיק און קלאָר
אױף דעם אנקאָר — — — —

דיריגענט,
וואָס שטייסטו אַזוי בלאַס
אַראָפּגעלאָזט די הענט ?

# דער צייט צושטייער

פון אָטעם צו אָטעם
שטאַרבט די מינוט,
און דאָס האַרץ און בלוט
אָן אויפגערעגטע מאָנט —
אַלץ, וואָס איז פאַרזאַמט . . .

דינע ריטשקעלעך בלוט
לויפן דורך מיין האַרץ
און שלאָגן שלאָגן,
לויפן היים צום קאָפּ,
פילן אָן מיט ווייי
די וואַכקייט מיינע.

פון א פייגל מיין וואַכקייט,
מיין אומרו פון פייער —
גיב איך לייב און לעבן
דער גרויזאַמער צייט צושטייער.

# איך בין פאַר שלום

איך בין פאַר שלום אויף דער וועלט.
איך האָב אַ קינד אויף די פיס געשטעלט,
האָט אין מיין לעבן — פרייד אויפגעהעלט.

ס'האָט מיין טאַטע געהאַט זיבן קינדער,
האָט ער זיין ברויט געטיילט יעדערן באַזונדער,
האָט זיין גוטסקייט אונז אויפגעטאָן וואונדער.

מיר זיינען געווען זיבן קינדער, זיבן אַפן,
האָט דער טאַטע דעם מענטש אין אונז געשאַפן, —
היטן און ניט וויטאָן דעם שלאָפן.

אין שכנס גאָרטן זאָל ניט קריכן קיינער.
אין שכנס פענצטער ניט וואַרפן קיין שטיינער.
אויפן שכנס קינדער ניט קריצן די ציינער.

אַז דער שווערער טאָג האָט זיין וועג גענומען,
זיינען מיר אַלע זיך צוזאַמענגעקומען,
האָבן מיטן טאַטן אין רו זיך אַרומגענומען.

האָט ער אונז דעם קאַרגן ברויט צעטיילט,
פאַר זיך דעם קלענסטן חלק אויסדערווײַלט,
מיט אַ גוט וואָרט יעדערנס וויטיק געהיילט.

איך בין פאַר שלום אויף דער וועלט.
כ'בין מיט דעם, וואָס האָט אין קאַמף זיך געשטעלט
פאַר מיר און מיינע געיאָגטע ברידער —
איך האָב אַ קינד אויף די פיס ערשט געשטעלט
זינג איך פאַר דעם האַפערדיקע לידער!

# אָדם

.1

ער האָט געקאָנט זיין גוט,
עס איז פון אים אַזוי פיל בלוט אָפּגערונען;
און אַלץ אין דער וועלט האָט ער שוין געוואונען
מיט שווערד און קנוט.

ער האָט געקאָנט אין רו זיך צעבליען,
מיט גוטסקייט זיין ערד פאַרזייען —
דורות און דורות זאָל עס געדייען —
צו פריינדשאַפט — די זין זיינע מיען.

ער האָט געקאָנט זיין קול פון אַ טיגער
אין הונגעריקן געוויין פון אַ קינד פאַרלעשן,
פון זיין שטאַם די חיה אין זיך פאַרגעסן
און די ווילדע הנאה פון אַ זיגער.

ער האָט געקאָנט אין זון און שטערן שפּיגלען
זיין האַריקן פּנים, זיינע מאַלפּע הענט —
אין זיין חזירשן מורוקען ווערן פאַרשעמט
אַנטקעגן דער טויב און אירע צאַרטע פליגלען.

ער האָט געקאָנט — ווי איך —
פאַרן ברויט און קלייד זיך מיען,
מיט וויטיק פאַר וויטיק אין גוטסקייט בליען,
שעמען זיך מיט דעם נאָמען — קין !

ער האָט געקאָנט זיין גוט —
קאָן ער ניט איבערערדן זיין בלוט . . .

# זיין ווייב

.2

און זי אויפן זאמד ווי א לאם אויסגעצויגן
האָט נאָנט ארופגעטאָן אים מיט מילדע אויגן.
ער האָט זי דערפילט, איבער איר זיך געבויגן,
גענומען זי אויף זיינע הענט, אין וואלד געפלויגן,
און פון בראשית אָן איז זי מיט אים אייגן.

זי האָט פון אירע בריסט געגעבן אים זייגן,
מיט פייגן און עפל פארבייסן,
און פלינק ווי ער — געטאָן צווייגן רייסן,
ווארפן שטיינער אין די אפישע שטייגן,
מאכן זיי אויף אייביק שווייגן.

זייט בא זייט מיט אים אויף יאגד געגאנגען,
געיאָגט זיך — די שענסטע אינד צו פאנגען,
דעם פייגל מיט דובינע איבערן קאָפּ דערלאנגען,
הנאה געהאט, ווען ער איז מיט בלוט אָפּגעגאנגען
אויף די צערוישטע, בליענדיקע זאנגען.

זינד הימל און ערד האָבן זיך צעשייד,
האָט די זון מיליאָנען מאָל איר ראָד געדרייט,
פעלקער און לענדער דער בליענדיקער ערד אָנגעטרויט,
פאר גוטסקייט און שיינקייט הימלען אויפגעבלויט.

נאָר איבער דער ערד טראָגן ווינטן איינזאמקייט,
חלום און וואָר קאָנען אין רו זיך ניט געטרויען, —
ווייל ער און זי האָבן ניט אויפגעהערט זיך רויען
אין בלוט פון דער אינד און איר קינד וואָס שרייט . . .

# זייערע קינדער

.3

דאָס פעלד ברייט און ווייט,
דער זאַמד הייס און גלאַט —
אויפן בוים גרינגט דער בלאַט,
דער פייגל זינגט, די מאַלפּע שרייט.

לעמעלעך, שעפּעלעך רוען אויפן גראָז,
שלינגען הייסע לופט פון זון;
אין זאַמד פאַרעט זיך די הון,
דער הונט יאָגט זיך נאָך אַ האָז.

אָדם און זיין ווייב צינדן פייער
קאָכן מיטיק — אַ יונגן לאַם —
ס׳רייסט דער רויך זיך נאָכן פלאַם,
פאַרשמעקט די לופט זיס און זויער.

קין קומט מיט קאָרב אין האַנט
טראָגט זיין פרוכט צום פלאַם,
נאָר הבלס יונגער, ווייסער לאַם
האָט גענומען אויף זיך בראַנד.

האָט קין פאַרקלערט די שאַנד
און ווילד צעלאַכט זיך הויך —
זיין פרוכט שוואַרץ פון רויך
ניט גענומען האָט די בראַנד.

זיין האַרץ אויפגעברענט מיט שוועבל
האָט אַ בילגעטאָן צום ברודערס פנים
מיט ערשטער שנאה פון שונאים,
מיט גרייטן טויט פאַר הבל.

# אויף שטיין און גראָז

4

אויף שטיין און אויף גראָז
איז דאָס ביסעלע בלוט
פון אַ ברודער פאַרגאָסן.

דאָס ביסעלע בלוט
האָט איינגעזאַפּט דער שטיין
און ער האָט רויטקייט
באַקומען אין פּנים.
ער האָט דערפילט בושה
און האַס אין האַרץ
צו זיינע שונאים,
וואָס האָבן אים באַפלעקט
מיט אומשולדיק בלוט
זיין פּנים.

ס'האָט דער שטיין
אַ ריר געטאָן זיך צום גראָז:
— פאַרוואָס ?
שטיל האָט זיך געבויגן
דאָס גראָז צום שטיין:
— אָ, ליבער
ס'איז אויך מיין פּיין . . .
מיין בליענדיקע מינוט
האָט שאַנד געלאָשן
מיט דעם פלעק פון בלוט —
פון אַ ברודער פאַרגאָסן.

# אינהאַלט: